# פאָרוואָרט

די „ייווא"־אָפּטיילונג אין מעלבורן האָט זיך מיט א צייט צוריק פאַרמאָסטן אויף א גאָר גרויסער און וויכטיקער ארבעט — עס איז באַשלאָסן געוואָרן אָנצוהויבן א פאָרשונגס־ארבעט וועגן דער געשיכטע פון יידישע קיבוצים אין אויסטראַליע. „די געשיכטע פון יידישן ישוב אין באַלאַראַט" איז די ערשטע ארבעט פון דאָזיקן ברייט־פאַרמאָסטענעם פּלאַן. אויפן ווייטערדיקן פּלאַן גייען די געשיכטעס פון די וויכטיקסטע און עלטסטע יידישע קיבוצים אין וויקטאָריא — דזשילאָנג און בענדיגאָ, און דערנאָך וועלן קומען מאָנאָגראַפיעס פון אַנדערע ישובים. אַזוי אַרום וועט מיט דער צייט אַנטשטיין א מער־ווייניק אויסשעפּנדע געשיכטע פון די יידן אויפן דאָזיקן קאָנטינענט.

מיר גיבן זיך נאַטירלעך אָפּ א חשבון וועגן דער געוואַגט־קייט און שוועריקייט פון דער אויפגאַבע, וואָס מיר האָבן אויף זיך גענומען. די מעלבורנער „ייווא"־גרופּע איז נישט בלויז קליין און באַשיידן אין צאָל, זי האָט אויך נישט צו איר דיספּאָזיציע די נויטיקע צאָל קוואַליפיצירטע און דערפאַרענע כוחות, וואָס אַזאַ ארבעט פאָדערט. מיר האָפן אָבער, אַז ביי דער איבערגע־געבנקייט פון אונזערע אַקטיווע מיטאַרבעטער און ביי דער מיט־הילף פון דער היגער יידישער באַפעלקערונג, וואָס האָט אונז ביז איצט דערמוטיקט אין אונזער אַרבעט און געגעבן איר וואַרעמע אונטערשטיצונג, וועט אונז געלינגען די אַרבעט אדורכצופירן.

מיר ווילן ביי דער געלעגנהייט אויסדריקן אַ דאַנק אונזער קאָמיטעט־מיטגליד א. באָרעל, וועלכער האָט אונז צוגעהאָלפן זאַמלען די מאַטעריאַלן און דעם פאַרלאַג „יאָרק פּרעס" פאַר פינאַנסירן די אויסגאַבע.

„ייווא"־קאָמיטעט אין מעלבורן

# אריינפיר

מיט אַ קורצער צייט צוריק האָט איינער פון די עלטסטע באַלאַראַטער תושבים און מיטבויער פון דער אָרטיקער יידישער קהלה, מר. נאַטהאַן פּ. שפּילפּאָגעל, געפונען ערגעץ פאַרשטעקט אין דער שול אַן אַלטן, פאַרזשאַווערטן אייזערנעם קאַסטן, מיט הונדערטער אַלטע, אָפטמאָל שוין האַלב־צעפוילטע דאָקומענטן. נאָך אַ קורצער אויספאָרשונג האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די דאָזיקע פּאַפּירן זענען די איינציק־געבליבענע אויטענטישע דאָקומענטן פון דער טעטיקייט פון דער יידישער קהלה זינט איר אַנטשטייאונג אין די ערשטע יאָרן פון באַלאַראַטער גאָלד־פיבער. אונזער ווייטערדיקע קורצע געשיכטע פון באַלאַראַטער יידישן ישוב און די גרעסטע טייל דאַטעס, נעמען און בריוו האָבן מיר געשעפּט פון די דאָזיקע דאָקומענטן טאַקע, וועלכע געפינען זיך עד־היום אין דער באַלאַראַטער שול. די איבעריקע מאַטעריאַלן צו אונזער איצטיקער מאָנאָגראַפיע האָבן מיר גענומען פון פאַרשידענע קוועלן, ווי אויסטראַליש־יידישער אַלמאַנאַך, אויסגאַבעס פון דער יידישער היסטאָרישער געזעלשאַפט אין סידנעי, איניקע אויסטראַלישע ענציקלאָפּעדיעס און געשיכטעס פון וויקטאָריאַ און פון פּערזענלעכע געשפּרעכן מיט די עלטסטע באַלאַראַטער יידישע תושבים בשעת אַ ספּעציעלן וויזיט פון אונזערע ייוו״אָ־פאָרשטייער אין באַלאַראַט, אין אָקטאָבער 1945.

---

## ווי אַזוי איז אַנטשטאַנען באַלאַראַט

די שטאָט באַלאַראַט איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1851. די אַנטשטייאונג פון דער דאָזיקער שטאָט איז פאָרגעקומען אין אומגעוויינלעכע און מערקווירדיקע אומשטענדן. מיט צוויי יאָר פריער איז די גאַנצע דעמאָלטיקע וועלט עלעקטריזירט געוואָרן

פון דער ידיעה, אַז אין קאַליפאָרניע זענען געפונען געוואָרן פאַנטאַסטיש־רײַכע גאָלד־גרובן. טויזנטער יונגעלײַט, מערסטנטייל הפקר־מענטשן און אַוואַנטוריסטן, האָבן זיך פון אַלע עקן וועלט אַוועקגעלאָזט אין די געגנטן פון איצטיקן סאַן פראַנציסקאָ, כדי צו געפינען דאָרט די לעגענדאַרע אוצרות.

אויסטראַליע איז נאָך דעמאָלט געווען אַ יונגיטשקער ישוב, די גאַנצע באַפעלקערונג פון ריזיקן קאָנטינענט האָט באַטראָפן נישט מער ווי אַן ערך 400 טויזנט נפשות. דאָס איבערשיקן פון ענגלישע פאַרברעכער אין די דרום־ און מערב־אויסטראַלישע שטאַטן איז שוין אָפגעשטעלט געוואָרן אין 1840. דער צופלוס פון פרײַע קאָלאָניסטן איז נישט געווען קיין מאַסנהאַפטער. די הײַנטיקע גרויסע אויסטראַלישע הויפטשטעט און אַרומיקע ישובים זענען געווען נאָך אין זייער עמבריאָנאַלער סטאַדיע. דער גאָלד־פיבער, וואָס האָט דעמאָלט אַרומגענומען אַלע וועלט־ווינקלען, האָט אויך נישט אויסגעמיטן דעם יונגן אויסטראַלישן ישוב. טויזנטער אַוואַנטורע־זוכער האָבן אַוועקגעוואָרפן זייערע באַשעפטיקונגען, פאַסטנס און פאַרמס אין די קוים־צעבליטע אויסטראַלישע ישובים און האָבן זיך אַוועקגעלאָזט מעבר לים, כדי אונטער דער קאַליפאָרניער זון צו געפינען זייער גליק. צוליב דעם וואָס דער באַפעלקערונג־עלעמענט פון דעמאָלטיקן אויסטראַליע איז אין אַ גרויסן טייל באַשטאַנען פון דרייסטע, נישט־געזעצטע און אַוואַנטורע־זוכנדיקע מענטשן, האָט פשוט געדראָט, אַז פיל אויסטראַלישע קיבוצים, וואָס זענען אויפגעבויט געוואָרן מיט אַזויפיל מי און מאַטערניש, און גרויסע שטחים באַאַרבעטע ערד, וואָס זענען אַרויסגעריסן געוואָרן פונם ווילדן און נישט־באַטראַטענעם בוש, זאָלן פשוט ווערן אויסגעליידיקט פון מענטשן. צום גליק פאַרן אויסטראַלישן ישוב, זענען מיט צוויי יאָר שפּעטער אַנטדעקט געוואָרן גרויסע גאָלד־גרובן אין ניו סאַוט וועילס, אין בעטהערסט. דער גאָלד־פיבער, וואָס האָט פריער אַרומגעכאַפּט די באַפעלקערונג, האָט איצט פלוצלונג געפונען אַן אַנדער ריכטונג. אַנשטאָט מעבר לים, האָבן איצט אָנגעהויבן צו ציען רייזיקע מענטשן־מחנות קיין בעטהערסט. אָבער דער דעמאָלט נייַ־אַנטשטאַנענער שטאַט פון וויקטאָריאַ מיט דער מעלבורנער הויפּט־שטאָט זענען איצט שטיין געבליבן פאַר אַן אַנדער ערנסט

פראָבלעם. אמת, ס'האָט זיך שוין איצט נישט געטראָפן, אַזוי ווי פריער, אַז אין מעלבורנער פּאָרט זאָלן שטיין צו עטלעכע שיפן, אין וועלכע אויסטראַלישע תושבים האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אין די אַמעריקאַנער גאָלד־גרובן, אָבער מעלבורן מיט די אַרומיקע ישובים האָבן ווייטער געהאַלטן אין איין שיטערער ווערן. טאָג־טעגלעך האָבן נייע גרופּן מיט אַרבעטער, קליינהענדלער און אפילו לערער מיט באַאַמטע, פאַרלאָזן זייערע ווין־ערטער און זיי זענען אַוועק אויף צפון, קיין ניו סאַוט וועילס, כדי שטיינרייך צו ווערן אין די גאָלד־גרובן. די לאַגע איז געוואָרן אַזוי ערנסט, אַז דער דעמאָלטיקער לאָרד מעיאָר פון מעלבורן האָט גערופן אַן עפנטלעכע פאַרזאַמלונג פון מעלבורנער בירגער און ס'איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ קאָמיטעט וואָס האָט באַשטימט אַ גרויסע געלט־פרעמיע פאַר יענעם, וואָס וועט אויף אַ שטח פון נישט מער ווי 200 מייל פון מעלבורן אַנטדעקן אַ גאָלד־גרוב. סך־הכל מיט עטלעכע חדשים שפּעטער, דעם 25טן אויגוסט 1857, זענען אַנטדעקט געוואָרן גאָלדענע זאַמד־שטיקלעך אויפן אָרט, וועלכן מען האָט אַ נאָמען געגעבן „גאָלדן פּאָינט” און אויף וועלכן ס'שטייט היינט דאָס באַלאַראַטער ראָטהויז.

די ידיעה וועגן די ניי־אַנטדעקטע גאָלד־אוצרות האָט זיך בליץ־שנעל פאַרשפּרייט איבער דער אומגעגנט. טויזנטער מעלבורנער געוועלב־אייגנטימער, בעלי־מלאכות, שול־לערער, באַנק־באַאַמטע און אפילו רעגירונגס־אַרבעטער האָבן אַוועקגעוואָרפן זייערע פרנסות און שטעלעס, האָבן געקויפט לאָפּעטעס מיט שימלען און אַוועקגעלאָזט זיך רייטנדיק קיין באַלאַראַט. אַרום די גאָלד־גרובנס זענען אויפגעשטעלט געוואָרן צייטווייליקע געצעלטן פון די גרעבערס און צווישן די געצעלטן האָבן זיך באַזעצט הענדלער, וואָס האָבן באַזאָרגט די גאָלד־גרעבער מיט אַלע נויטיקע זאַכן און פּראָדוקטן. קורץ נאָכדעם זענען נישט ווייט פון די ערשטע גאָלד־גרובן אַנטדעקט געוואָרן נייע. די געצעלטן־רייען האָבן זיך אויסגעברייטערט. אויפן אָרט פונם פליסיקן צייטווייליקן עלעמענט, וואָס האָט געוואַנדערט פון איין אָרט אויפן אַנדערן, איז געבליבן אַ מער־סטאַבילער עלעמענט פון גאָלד־גרעבער, וואָס האָבן אָנגעהויבן אַראָפּברענגען די פאַמיליעס און האָבן פאַר־

וואנדלט די לייוונטענע פאלאטקעס אין מער־דויערהאפטע היל־צערנע הייזלעך.

אין 1853 זענען שוין אין באלאראט געווען 14,450 איינוווי־נער, אריינרעכענענדיק 3150 פרויען און 3100 קינדער. אין 1854 האט שוין די באפעלקערונג באטראפן 27 טויזנט מיט 500 און די רייכטימער פון די אנטדעקטע גאלד־שטיקער האבן ווייט אי־בערגעשטיגן די אוצרות פון אלע אנטדעקטע גאלד־גרובן אין דער וועלט. אין דאזיקן יאר איז שוין באלאראט געווען א רעגולערע שטאט מיט הייזער, קירכן און טעאטערס, און צווישן דער דאזי־קער קאליריקער באפעלקערונג, צווישן די בערדיקע מענער מיט די רויטע העמדער, לעדערנע שטיוול און שווערע, טוכענע קאפע־לושן, צווישן די מיט אויל־לאמפן באלויכטענע געסלעך, צווישן די רוישיקע שפיל־הייזער און טאנץ־סאלאנען, האבן שוין דע־מאלט געוווינט יידן פון ארבע פינות העולם, וואס זענען — צו־גלייך מיט די אלע אנדערע פריע באלאראטער איינוווינער — אראפגעבראכט געווארן דורכן כישוף פון גאלד־לאקנדיקע אוצרות און וואס האבן זינט די ערשטע טעג פון באלאראט געלעבט און געבויט דא א יידישן קיבוץ, איינעם פון די עלטסטע יידישע קיבוצים אין דאזיקן וועלט־טייל.

## דער אנהויב פון דער יידישער געמיינדע

ס'זענען נישט פאראן קיין דאקומענטן, וואס זאלן באשטע־טיקן מיט דער גאנצער זיכערקייט, אז יידן זענען געווען אין באַ־לאראט שוין אין 1851, דאס הייסט אינם יאר, ווען די שטאט איז אנטשטאנען. אבער שוין מיט צוויי יאר שפעטער, יום כפור 1853, האבן יידן געדאוונט מיט מנין ביי איינעם פון די באלא־ראטער תושבים, הענרי הערריס, אייגנטימער פון קלארענדאן האטעל. צו כל נדרי זענען געקומען 20 פערזאן. די גרעסטע טייל יידן האבן געשטאמט פון אלע ווינקלען אין אייראפע: פון ענג־לאנד, קרוין־פוילן, גאליציע, רוסלאנד, ליטע, ווייניקער פון דייטשלאנד, עסטרייך און האלאנד, בלויז איינצלנע פון פראנק־רייך, איטאליע, טערקיי און ארץ־ישראל. מערסטנטייל זענען דאס געווען יונגע אוואנטורע־זוכער, וואס האבן זיך אוועקגעלאזט אין

די פאַרוואָרפענע מקומות, אַ טייל צוליב פּרנסה און אַ טייל צוליב ריין־עמאַציאָנעלע איבערלעבענישן. די ערשטע סיבה, וואָס האָט די פון פאַרשידענע לענדער צוזאַמענגעקומענע און פאַרשידנאַרטיקע יידן צוזאַמענגעבראַכט, איז געווען די אמונה זייערע, די נויטיקייט אָפּצוהיטן די יידישע מנהגים און געבאָטן. אָבער דערמיט איז זייער פאַרשידנאַרטיקער שורש נישט פאַרווישט געוואָרן. במשך פון די שפּעטערדיקע יאָרן האָבן כסדר עקזיסטירט אונטערשיידן צווישן די ענגלישע און אַזוי־גערופענע „פּרעמדע" יידן. און אויף דעם געביט זענען געפירט געוואָרן אָפּטמאָל גאַנץ ליידנשאַפטלעכע מחלוקת'ן. אויף איינער פון די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען פון דער שול־קאָנגרעגיישן, אין 1864, האָט איינער פון די מיטגלידער אויסגעשריען: איך בין אַן ענגלענדער און איר זענט אַ באַנדע מיט פּרעמדע רעפּיודזשים... ענלעכע פאַרצייכנונגען אין די פּראָטאָקאָלן פון די שול־זיצונגען געפינען מיר פיל מער, און ס'זענען אָפּטמאָל אויף דעם באָדן אויסגעבראָכן פאַרשידענע סכסוכים אין דער קהלה *).

סאָציאַל האָט דער יידישער עלעמענט אין די פריסטע טעג פון באַלאַראַט געהערט צום סוחר'ישן שטאַנד. מערסטנטייל האָבן יידן זיך פאַרנומען מיט האַנדלען אין די געוועלבער, ווו זיי האָבן פאַרקויפט מכשירים פאַר די גאָלד־גרעבער, מלבושים, שפּייז־פּראָדוקטן, געצעלטן, ציגאַרן. זיי האָבן זיך אויך פאַרנומען מיט אַזעלכע מלאכות, ווי זייגערמאַכעריי, שוסטעריי און שניידעריי. אויך האָבן זיי פאַרמיטלט ביים אַראָפּברענגען טעאַטער־אַרטיסטן און — זייער אָפט — ביים אויפקויפן דאָס גאָלד, וואָס איז געפונען געוואָרן אין די גרובן. עס זענען אָבער אויך געווען יידן, וואָס האָבן געאַרבעט אין די גאָלד־גרובן. און ס'איז פאַראַן אַ סברה, אַז איינער פון די 25 העלדישע עורעקאַ־אויפשטענדער, וואָס זענען גע'הרג'עט געוואָרן בשעת די קאַמפן מיט רעגירונגס־מיליטער, אַ געוויסער טאָנעך, איז געווען אַ ייד. דאָס איז אָבער

*) די איינציקע שפּראַך, אין וועלכער ס'זענען געפירט געוואָרן די שול־זיצונגען און פּראָטאָקאָלן איז געווען ענגליש. העברעאיש איז בלויז באַנוצט געוואָרן אויף מצבה־אויפשריפטן און — טיילווייז — ביים ראַוונען.

עד היום נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן מיט דער גאַנצער זי־
כערקייט.

דער ערשטער אָפיציעלער דאָקומענט, וואָס רעדט וועגן דער עקזיסטענץ פון אַ יידישן קהלה־לעבן אין באַלאַראַט, איז די ענג־לישע צייטונג „באַלאַראַט טיימס" פון 13טן נאָוועמבער, 1855. אין דער דאָזיקער צייטונג געפינט זיך אַן אַנאָנס וועגן חנוכת הבית פון דער יידישער שול. אַ רעכענונג אויף 8 שילינג פאַרן דאָזיקן אַנאָנס, וועלכער געפינט זיך עד היום אינם אַרכיוו פון דער סינאַגאָגע, איז אַדרעסירט צום דעמאָלטיקן שול־פּרעזידענט, העברי הערים. וועגן דער דאָזיקער סינאַגאָגע, אַ הילצערנע גע־ביידע אויף באַרקלי סטריט, האָט זיך במשך פון פיר יאָר געפירט אַ קאַמף צווישן דער קהלה און דעם ניי־אַנטשטאַנענעם מזרח־באַלאַראַטער שטאָט־ראַט, וועלכער האָט געפאָדערט, אַז דער פּלאַץ, אויף וועלכן די שול איז געבויט געוואָרן זאָל צוריקגע־קערט ווערן צו דער שטאָט, ווייל דער מאַגיסטראַט וויל דאָרט אויפשטעלן האַנדלס־קאַמערן. דער שול־קאָמיטעט האָט במשך פון פיר יאָר זיך אָפּגעזאָגט אַריבערצוטראָגן די שול ערגעץ אַנ־דערש, אָבער סוף־כל־סוף, אין 1859, האָט דער שול־קאָמיטעט מסכים געווען צו נעמען 225 פונט אַלס באַלוינונג פאַר דער גע־ביידע און האָט איבערגעגעבן די שול צו דער שטאָט. אין באַלאַ־ראַטער „סטאַר" פון 10טן סעפּטעמבער, 1859, געפינען מיר אַ נאָטיץ, אַז דער שטאָט־קאָונסל האָט פאַרקויפט די געביידע אויף צו באַזייטיקן זי, פאַר — 10 פונט.

אַן אַלגעמיינע פאָלקס־ציילונג אין באַלאַראַט האָט אין דאָ־זיקן יאָר איבערגעגעבן, אַז 347 פּערזאָן האָבן אָנגעגעבן די יידי־שע רעליגיע אַלס זייער אמונה. די שול האָט אין דער דאָזיקער צייט געהאַט 98 מיטגלידער און 32 צייטווייליקע מיטגלידער (מערסטנטייל איינוווינער פון די אַרומיקע געגנטן).

אין 1857 האָט מען קובר געווען די ערשטע יידן אויפן אַלטן בית־עולם. דעם 9טן מאַי האָט מען קובר געווען אַ מפּיל־קינד מיטן פאַמיליע־נאָמען דימאַנט; דעם 18טן מאַי — אַ פרוי שרה דימאַנט, און דעם 25טן מאַי — איינעם מאַרקוס בערנשטיין.

אין זעלבן יאָר זענען אויך פאָרגעקומען די ערשטע צוויי

חתונות, וועלכע זענען געפּראַוועט געוואָרן דורכן רעוו. דייוויד־
אייזיקס. אַלעקס דימאַנט, פון האָלאַנד, האָט חתונה געהאַט מיט
קעיט סעמועל, און לואיס בעררישט, פון ענגלאַנד, מיט טערעזאַ
נייטען (אויך פון ענגלאַנד).

אויף די דאָקומענטן, וואָס עקזיסטירן נאָך עד היום פון די
דאָזיקע פּריסטע טעג ליגט דער חותם פון דער דעמאָלטיקער
גאָלד־פיבערדיקער צייט. אין איינעם פון די פּראָטאָקאָלן האָט
דער שול־סעקרעטאַר בחפּזונ'דיק פאַרצייכנט: „אָפּגעהאַלטן
אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג. עס זענען אַנוועזנד געווען אַלע אַק־
ציאָנערן". ער האָט אין גרויס איילעניש פאַרטוישט די שול־
זיצונג אויף אַ זיצונג פון אַ גאָלד־גרובן געזעלשאַפט. די גאַנצ־
קייט פון דער שול־קאָנגרעגעישן אין די דאָזיקע טעג איז נאָך
וואַרשיינלעך געווען אַ געגנוג לויזע. עס איז צוליב דעם אויס־
געאַרבעט געוואָרן אַ גאַנצע רייע פאָרשריפטן, וואָס זאָל מער
צעמענטירן די איינגיקייט פון קאָנגרעגעישן און קאָאָרדינירן די
אַרבעט פונם שול־קאָמיטעט. לויט די דאָזיקע פאָרשריפטן איז
יעדער שול־מיטגליד באַשטראָפט געוואָרן לויטן איינזען פון פּרעז־
זידענט, יעדעם מאָל, ווען ער האָט געדאַוונט ערגעץ אַנדערש,
אויסער דער שול. יעדער מיטגליד, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט אָנ־
צונעמען אַן אָפיציעלן שול־אַמט, אויף וועלכן מען האָט אים אויס־
געקליבן, איז באַשטראָפט געוואָרן מיט אַ גינע. די זעלבע שטראָף
האָט אויך געמוזט באַצאָלן יעדער, וואָס האָט רעזיגנירט פון
אַן אַמט. פאַר אַדורכלאָזן אַ קאָמיטעט־זיצונג איז דער פּרעזי־
דענט באַשטראָפט געוואָרן מיט 5 שילינג און יעדער קאָמיטעט־
מיטגליד מיט 2 שילינג און 6 פּענעס. עס איז אויך באַשטימט
געווען אַ שטראָף פאַר אַ חתן, וואָס איז נישט געקומען אין שול
אַריין אַ שבת פאַר דער חתונה. מיר געפינען טאַקע אַ טשיקאַוון
בריוו פונם פריער־דערמאָנטן אַלעקס דימאַנט, וועלכער האָט דער
ערשטער גענומען חופּה וקדושין אין באַלאַראַט. אין אַ בריוו צום
שול־קאָמיטעט דערקלערט דער דאָזיקער יונגערמאַן, אַז צוליב
דעם, וואָס ער איז באַשטראָפט געוואָרן צו באַצאָלן אַ גינע, טרעט
ער אַרויס פון קאָנגרעגעישן.

עס איז אויך געווען אַ מנהג, אַז אַ בר־מצוה בחור האָט ביים
אויפרופן געדאַרפט מאַכן אַ נדר לטובת דער שול. בשעת אַ לויה

האָבן אַלע שול־חובות פונם פאַרשטאָרבענעם געמוזט ליקווידירט ווערן פאַר דער קבורה.

אין יאָר 1859 האָט די יידישע קהלה אין באַלאַראַט געהאַט אויסצושטיין אַ סך צרות פון צוויי פּערזאָן, בענדזשאַמין און פרעד ללאַיד. די דאָזיקע צוויי גאָלד־גרעבער האָבן פאַרכאַפּט דעם פּלאַץ, וועלכן דער שטאָט־ראַט האָט אָפּגעגעבן דער יידישער געמיינדע אויף אַ נייער שול און האָבן דאָרטן אויפגעשטעלט זייערע לייוונטענע געצעלטן. דער אַדוואָקאַט לואיס איז אין נאָמען פון די דריי שול־טראַסטים: דייט, לעווינזאָן און שטיינפילד, אַרויסגעטראָטן אין קרוין־לאַנד־דעפּאַרטמענט און געפאָדערט, אַז די צוויי גאָלד־גרעבערס זאָלן זיך אָפּטראָגן פונם פּלאַץ. די ברידער ללאַיד האָבן אָבער געפאָדערט אַ גרויסע אַנטשעדיקונג, און טראָץ דעם, וואָס זיי האָבן עטלעכע מאָל פאַרשפּילט די פּראָצעסן און האָבן געמוזט אָפּזיצן תּפיסה־אורטיילן, האָבן זיי געדראָט, אַז יעדער וואָס וועט אָנרירן זייערע געצעלטן וועט „אָפּגעווישט" ווערן. אפילו דעם 12טן מאַי, 1860, געפינען מיר נאָך אין דער באַלאַראַטער פּרעסע וויטערדיקע באַריכטן פון דאָזיקן סכסוך, אָבער די דאָזיקע דאַטע איז שוין וואַרשיינלעך די לעצטע, און די יידן זענען ענדלעך פּטור געוואָרן פון דעם אָנשיקעניש. עס איז שווער צו זאָגן, צי דער דאָזיקער כמעט יעריקער סכסוך האָט געטראָגן אויך אַן אַנטיסעמיטישן כאַראַקטער. טראָץ דעם, וואָס געוויסע אַלטע באַלאַראַטער תּושבים געדענקען פון זייערע עלטערנס דערציילונגען, אַז אויך אַזעלכע אינצידענטן זענען דעמאָלט פאָרגעקומען. ס'איז באַקאַנט, אַז אין די פריסטע צייטן האָט באַלאַראַט געציילט עטלעכע טויזנט כינעזישע איינוווינער. עס איז דאָרט געווען אַ גאַנצע „טשיינאַטאַון", אַ כינעזישע געגנט, און ס'איז נישט קיין סוד, אַז צווישן די גאָלד־גרעבער זענען געווען דייטלעכע אַנטי־כינעזישע שטימונגען. ווי ס'זאָל נישט זיין, זענען אָבער נישט פאַראַן קיין באַווייזן, אַז דאָס דאָזיקע נישט־פריינטלעכע געפיל לגבי פרעמדע זאָל זיך האָבן אויך אויסגעבריטערט אויפן יידישן קיבוץ.

## די נייע שול

אין מערץ, 1861, איז פאָרגעקומען דער חנוכּת הבית פון

דער נייער געמויערטער שול, וועלכע שטייט נאָך אין באַלאַראַט עד היום. די פייערלעכקייט פון דער דערעפנונג איז אויספירלעך באַשריבן געוואָרן אין דער דעמאָלטיקער ענגלישער פרעסע. דעם גרונטשטיין האָט געלייגט דער פרעזידענט טשאַרלז דייט, ביי דער אָנוועזנהייט פון הונדערטער יידן און קריסטן. די געביידע האָט געקאָסט 1600 פונט, דערפון האָט דער שול־קאָמיטעט גע־האַט 800 פונט אין דער קאַסע. דאָס דאָזיקע געלט איז געשאַפן



די שול אין באַלאַראַט.

געוואָרן פון מיטגלידס־אָפּצאָלונגען, נדרים און אויך דערפון, וואָס די וויקטאָריאַ רעגירונג האָט געגעבן יערלעכע סובסידיעס צו רעליגיעזע אַנשטאַלטן. אין יענער צייט פלעגט די יידישע קאָנ־גרעגעישן פון דער בוירק־סטריט־שול אין מעלבורן באַקומען 1200 פונט, די לאָנסדייל־סטריט־שול — 300, דזשילאָנג — 200, באַלאַראַט — 150 און סענדהאָרסט (בענדיגאָ) — 300 פונט אַ יאָר. די דאָזיקע געלט־צוטיילונגען זענען שפּעטער אָפּ־געשטעלט געוואָרן. ווען דער פּלאַן פון דער נייער שול איז געווען פאַרטיק, איז אונטערגענומען געוואָרן אַ ברייטע זאַמל־אַקציע, וועלכע האָט אויך אַרומגענומען די קריסטלעכע באַפעלקערונג און רעוו. אייזיקס האָט פאַנאַנדערגעשיקט צירקולאַרן צו אַלע גאָלד־גרובן צענטערס.

די נייע שול האָט געקאָנט אריינגעמען 350 מתפללים. די שול איז געווען איינגעטיילט אין צוויי אָפּטיילונגען: אַן אָפּ־טיילונג פאַר מענער און אַן עזרת נשים. ס'איז אויך געווען אַן אָרט פאַר אַ כאָר און אַ האַרמאָניע. רעוו. אייזיקס האָט געמאַכט 7 הקפות אַרום דער שול־געביידע און נאָך יעדער הקפה האָט מען געזונגען אַ קאַפּיטל תהלים.

צו דער דאָזיקער צייט האָט די קאָנגרעגעישן געציילט 72 פינאַנסיעלע מיטגלידער. דער ישוב האָט שוין באַזיצט אַן אייגע־נע כשר'ע יאַטקע און אויך אַ לויה־אונטערנעמער, וואָס פלעגט אַדורכפירן יידישע לויות. אַ באַזונדער יידישע אָרט אויפן בית־עולם איז געהייליקט געוואָרן ערשט אין 1870. יידן האָבן צו דער דאָזיקער צייט געוווינט נישט בלויז אין באַלאַראַט, נאָר אויך אין דער אומגעגנט, ווי אַראַראַט, טעלבאַט, מעריבאָראָ, סטאַוועל, קרעסוויק. אויף ימים נוראים פלעגן זיי אַלע קומען אין שול אַריין. די שטאָט האָט זיך אין דאָזיקן פּעריאָד געהאַלטן אין איין אַנט־וויקלען. די גאָלד־גרעבער האָבן אָנגעהויבן אָנווענדן נייע מע־טאָדן פון טיפע גראָבונגען און האָבן געפונען ריזיקע גאָלד־שטי־קער. אין דער דאָזיקער צייט איז פאָרגעקומען אַ סך יידישע חתונות. יידישע יונגעלייט, וועמען ס'האָט אָפּגעגליקט אין זייע־רע געשעפטן, האָבן אָוועקגעשיקט קיין פּוילן און גאַליציע נאָך זייערע כלות און האָבן אויך אין איינוועגס געבעטן, אַז זייערע שוועסטער זאָלן אַהערקומען, ווייל ס'זענען פאַראַן דאָ גענוג רייכע חתנים. פון דער דאָזיקער צייט באַזיצן מיר אַן אינטערע־סאַנטן דאָקומענט פון אַ יידישן משולח, אַ רב, וועלכער איז אין 1860 געקומען קיין אויסטראַליע זאַמלען געלט פאַר אַ שול אין ירושלים. דער משולח, יעקב ספיר הלוי, האָט באַזוכט באַלאַראַט אומגעפער אין יאָר 1862־3 און אין זיין ספר „אבן ספיר" געפי־מיר פאָלגנדע באַשרייבונג וועגן זיין דאָרטיקן וויזיט:

„אזוי ווי איך האָב זיך צונויפגעטראָפן מיט אַ משולח פון חברון, וועלכער איז געקומען אַהער פאַר מיר, האָב איך פאַרלאָזט מעלבורן און געפאָרן אין אַנדערע שטעט, וווּ עס וווינען יידן, כדי מיר זאָלן נישט איינער דעם צווייטן זיין אין וועג. איך בין גע־פאָרן מיט דער באַן קיין באַלאַראַט, וואָס געפינט זיך בערך 20 מייל פון מעלבורן. אין דער סביבה פון דער דאָרטיקער שטאָט

זענען פאראן גאָלד־גרובן. עס וווינען דאָ אַן ערך 300 יידן. די שטאָט איז יינגער פון מעלבורן. זי איז נאָך נישט געהעריק פאַרבויט און אַ סך וווינען נאָך אין געצעלטן. מען האָט דאָ אין די ערשטע יאָרן אַרויסגעגראָבן אַ סך גאָלד, און מען גראָבט נאָך ביזן היינטיקן טאָג.

„די יידן דאָ לעבן און פירן זיך ווי די יידן אין מעלבורן. זיי האָבן אַ קהלה, אַ שול מיט אַ חזן און אַ שוחט. דער קהלה־פירער איז אַן אָנגעזעענער מאַן, אַ ירא שמים און אַ נדיב, שמעון האַמבורגער נ"י. איך האָב דאָ געטראָפן מיין ידיד, דעם משכיל און סופר המופלג, נחמן פרידל הלוי שפילפאָגעל. מיט וועלכן איך בין געוואָרן באַקאַנט ווען ער איז נאָך געווען אין אינדיע. און ער האָט מיט מיר געטאָן אַ סך חסד. בכלל זענען די היגע תושבים ליבע און פרידלעכע מענטשן".

וועגן דער „פרידלעכקייט" פון די באַלאַראַטער יידישע תושבים זענען פאַרבליבן גענוג דאָקומענטן, וואָס באַווייזן אָפטמאָל דעם היפוך. דער באַלאַראַטער יידישער ישוב, אַזוי ווי יענער מעלבורנער ישוב, האָט געהאַט אין זיין גבול מער און ווייניק פרידלעכע יחידים און אויך פּראָבלעמען, וואָס האָבן אָפטמאָל געבראַכט צו מחלוקת'ן, און אפילו צו אַ קהלה־שפּאַלטונג.

שוין אין די סאַמע פריסטע טעג פון איר אַנטשטייאונג, האָט די יידישע געמיינדע געהאַט צו פירן אַ קאַמף מיטן שטאָטראַט, וועלכער האָט געפאָדערט צו באַזייטיקן די אַלטע שולגעביידע, און דערנאָך האָט קהל זיך אַ לאַנגע צייט פּראָצעסירט מיט די קריסטלעכע גאָלד־גרעבער, וועלכע האָבן פאַרכאַפּט דעם פּלאַץ פון דער ניי־פּראָיעקטירטער שול. די דאָזיקע גענוג־פאַרביטערטע קאַמפן האָבן אין אַ געוויסער מאָס צעמענטירט די יידישע איינוווינער און האָבן זיי נענטער צוזאַמענגעבראַכט ביים אויסקעמפן זייערע געמיינזאַמע באַדערפעניש, אָבער מיטן מאָמענט, ווען די אויסנווייניקסטע קאַמפן האָבן אויפגעהערט, האָבן זיך אָנגעהויבן רייבונגען פון אינעווייניק. אין אַרכיוו פון דער באַלאַראַטער יידישער סינאַגאָגע, וועלכע שטייט נאָך עד היום, זענען לעצטנס געפונען געוואָרן עטלעכע הונדערט דאָקומענטן, וואָס שטאַמען נאָך פון די ערשטע צענדליק יאָר פון דער עקזיסטענץ פון דער באַלאַראַטער יידישער קהלה. אָבער איידער מיר

װעלן איבערגײן צו געבן אַ בילד פֿון דעם ייִדישן קהלה־לעבן במשך פֿון די קנאַפּע הונדערט יאָר, װעלן מיר קודם־כּל זיך נעג־טער צוקוקן צום ייִדישן אײנגװױנער פֿון די פֿריסטע צײטן פֿון גאָלד־פֿיבער. װאָס פֿאַר אַ סאָרט עמיגראַציע־עלעמענט איז אַהער־געקומען אין די ערשטע יאָרן פֿון באַלאַראַטער אויפֿשטײג, װאָס פֿאַר אַ סאָרט יחידים האָבן געבילדעט אײנע פֿון די עלטסטע ייִדישע קהלות אין אויסטראַליע ?



מצבה אויפֿן קבר פֿון טשאַרלס דײַט.

אײנע פֿון די אינטערעסאַנטסטע געשטאַלטן פֿון ייִדישן באַלאַראַט איז געװען אַן ענגלישער ייִד, טשאַרלז דײַט, דער פּאַק־טישער גרינדער פֿון דער ייִדישער קהלה. אַ נידעריק־געװאַקסע־נער, אָבער פֿעסט־געבױטער פּאַרשױן, איז ער דאָס געװען דער, װאָס האָט צוזאַמענגערופֿן דעם ערשטן ייִדישן מנין אום יום כּפּור פֿון יאָר 1853. ער איז געװען דער פֿאָטער פֿון דער ייִדישער גע־מײנדע, און זײַענדיק אַ מענטש מיט פֿעסטע פּרינציפּן און גע־װאַגטער אַנטשלאָסנקײט, האָט ער מיט זײַן שטאַרקער פּערזענ־לעכקײט אויסגעאיבט אַ גרויסן דרוק אויפֿן לעבן פֿון דער קהלה במשך פֿון צענדליקער יאָרן. טשאַרלז דײַט איז אויך געװען שטאַרק פּאָפּולער צװישן די גאָלד־גרעבער און ס'זענען פֿאַראַן

השערות, אַז ער האָט געשפּילט אַ ראָלע ביים עאורעקאַ־אויפ־שטאַנד *). שפּעטער איז ער געוואָרן שטאַט־פּרעזידענט פון מזרח־באַלאַראַט און דערנאָך אויך איז ער געווען מיטגליד פון פּאַר־לאַמענט.

אַן אַנדערער ביז גאָר וויכטיקער בויער פון דער באַלאַראַ־טער יידישער קהלה איז געווען נחמן פרידל שפּילפּאָגעל. אַ גע־בוירענער אין קאָלאָמיי, אין גאַליציע, איז ער נאָך לאַנגע וואַנ־דערונגען און פאַנטאַסטישע איבערלעבונגען אין רומעניע, טער־קיין אינדיע, עגיפּטן און ארץ־ישראל, אין יאָר 1855 אָנגעקומען קיין באַלאַראַט. די סיבה וואָס האָט גורם געווען, אַז דער דאָזי־קער גאַליציאַנער זייער רעליגיעזער יונגערמאַן זאָל אין דעמאָל־טיקע צייטן זוכן גליקן אין דער באַלאַראַטער גאָלד־שטאָט, איז געווען אַ סענסאַציאָנעל־ראָמאַנטישע. זייענדיק אין אינדיע, האָט ער זיך באַקענט מיט דער בת־יחידה פון דעם באַרימטן גרויסן יידישן נגיד סאַסון, און היות ער האָט נישט געקאָנט מיט איר

*) אין 1854 איז אין באַלאַראַט אויסגעבראָכן אַן אויפשטאַנד פון די גאָלד־גרעבער קעגן דער אַדמיניסטראַטיווער מאַכט, וועל־כע האָט אַרויפגעלייגט גרויסע אָפּצאָלונגען פאַר דער רעכט צו אַרבעטן אויף די גרובנס. די גאָלד־גרעבער האָבן אַ חוץ דער פאָ־דערונג אָפּצושאַפן דעם דאָזיקן שווערן שטייער אַרויסגעשטעלט אויך ריין־פּאָליטישע פאָדערונגען, ווי, למשל, וואַל־רעכט צום פּאַרלאַמענט און בעסערע באַהאַנדלונג מצד דער פּאָליציי און מיליטער. דער אויפשטאַנד איז בלוטיק אונטערדריקט געוואָרן מיט דער הילף פון רעגירונגס־מיליטער, און 25 גאָלד־גרעבער זענען גע'הרג'עט געוואָרן אויפן אָרט און אַנדערע צענדליקער זענען געוואָרן פאַרוווּנדעט אָדער אַרעסטירט.

דער עאורעקאַ־אויפשטאַנד האָט אָבער אַרויסגערופן אַזאַ רושם איבער דער גאַנצער פּראָווינץ, אַז די רעגירונג איז געווען געצוווּנגען, טראָץ דעם מיליטערישן נצחון, צו באַגנעדיקן די אַרעסטירטע און נאָכצוגעבן אַלע פאָדערונגען פון די אויפ־שטענדער.

דער עאורעקאַ אויפשטאַנד ווערט באַטראַכט אַלס איינס פון די וויכטיקסטע געשעענישן אין קאַמף פון די אויסטראַלישע פאָלקס־מאַסן פאַר פרייהייט און סאָציאַלער גערעכטיקייט.

חתונה האָבן, צוליב זיין אָרימקייט, האָט ער זיך דעצידירט צו פאָרן קיין אויסטראַליע, און דאָס פאַרליבטע פּאָרל האָט געפּלאַנט, אַז נאָכדעם, ווי ער וועט געפינען אַ גאָלד־אוצר, וועט ער צוריקקומען קיין אינדיע און חתונה האָבן מיט דער געליבטער. שפּילפאָגעל איז שוין אָבער פאַרבליבן אין באַלאַראַט, ווו ער האָט זיך געעפנט אַ געוועלבל און ער האָט זיך אויך פאַרנומען מיט שרייבן בריוו פאַר „בעזגראַמאָטנע". שפּילפאָגעל האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין קהל'שן לעבן און ער איז אַ לאַנגע צייט געווען דער שול־פּרעזידענט, סעקרעטאַר און אויך בעל־קורא. צוליב זיין פרומקייט האָט ער געהאַט אויסצושטיין גרויסע צרות מצד קהל און ס'זענען צוליב דעם פאָרגעקומען פיל סכסוכים, וועגן וועלכע מיר שרייבן באַזונדער.



מצבות אויף די קברים פון מר. נחמן שפּילפאָגעל און זיין פרוי.

נחמן פרידל שפּילפאָגעל איז אויך געווען אַ סופר. ביזן היינטיקן טאָג הענגען נאָך אין דער באַלאַראַטער שול אויפשריפטן און טאָפּעטן, אויסגעקינצלט מיט שיינע, גאָלדענע שריפט דורך שפּילפאָגעלן. ער האָט אויך געשאָנקען פאַר דער שול אַ ספר תורה, וועלכע ער האָט אַליין אויפגעשריבן. די צערעמאָניע פון

איבערגעבן פון דער דאָזיקער ספר תורה איז געווען זייער אַ פייערלעכע און זי איז געגעבן באַשריבן אין איינעם פון די פּראָטאָקאָלן. די גאַנצע עדה יידן האָט זיך הושענא־רבה ביינאַכט פאַרזאַמלט אין דער וווינונג פון שפּילפאָגעל און דאָן האָט די גאַנצע פּראָצעסיע, מיט דער ספר תורה אין דער האַנט, אַוועקמאַרשירט איבער דער גאַנצער שטאָט, צו דער שול. דאָס בילד פון די יידן, איינגעהילטע אין טליתים מיט די ספרים אין די אָרעמס, האָט געמוזט מאַכן אַ גרויסן רושם אויף דער באַלאַראַטער קריסטלעכער באַפעלקערונג. איידער די פּראָצעסיע איז אַריינגעגאַנגען אין שול, האָט זי געמאַכט זיבן הקפות אַרום דער שול־געביידע.

אין אַלגעמיין איז דער יידישער אָנגעקומענער עלעמענט, מיט קליינע אויסנאַמען, באַשטאַנען פון פּשוט'ע, רויע יידן פון אַ גאַנץ יאָר, אַוואַנטוריסטישע יחידים, וועמען ס'האָט געצויגן דער כישוף פון די גאָלד־אוצרות, און ס'איז דערביי אינטערעסאַנט צו ציטירן איין־ניקע דאָקומענטן, וואָס אַנטפּלעקן פאַר אונז די פּסיכאָלאָגיע פון דעמאָלטיקן טיפּ יידישע איינוווינער.

אין אַ בריוו פון 17טן פעברואַר, 1855, שרייבט אַ געוויסער מייקל קעשמאַר מיט גרויס אויפרעגונג, פאַרוואָס מען האָט אים נישט איינגעלאַדן צום חנוכת הבית. „פאַרוואָס — פרעגט דער שרייבער — האָט איר איינגעלאַדן מר. שפּילפאָגעל און מיך נישט?"

פון יאָר 1861 זענען פאַרבליבן דריי טעלעגראַמעס, וואָס אַן אַראַראַטער תושב, י. פּערל, האָט געשיקט צום דעמאָלטיקן רעוו. אייזיקס.

6טער יוני: „מרס. פּערל האָט געבוירן אַ זון, קומט צופאָרן".

10טער יוני: „וואָס מיינט איר עפּעס? פאַרוואָס זענט איר נישט געקומען?"

15טער יוני: „,„וועמען גענאַרט איר? אַוודאי וועל איך באַצאָלן".

אַ בריוו פון דזשאָן סאַלאָמאָן (1867): „אויב איר וועט מיר נישט רעכענען אַ סך געלט, וועל איך שטעלן אַ חופּה ביי אייך אין שול דעם 23טן יולי".

פון א בריוו צום סעקרעטאר שפילפאָגעל אין 1872: „איך בין זייער פאַרנומען, אָנישט, וואָלט איך געקומען צו אייך איך געוועלב אריין און כ'וואָלט אייך דערציילט, וואָס איך טראַכט וועגן אייך".

אין א בריוו, דאַטירט דעם 28טן יולי, 1872, בעט א שול־מיטגליד נישט אָנצוקלאָגן אים אין געריכט אריין דערפאַר, וואָס ער האָט אויפגעבראָכן די צדקה־פּושקע פון דער שול. ערשטנס, האָט ער א ווייב מיט זעקס קינדער, און, צווייטנס, איז אין דער פּושקע געווען סך־הכל 2 שילינג מיט 8 פּענעס.

אַן אַנדערער מיטגליד אַנטשולדיקט זיך פאַרן קאָמיטעט, וואָס ער איז אריין אין שול מיט א נאָכגעמאַכטן שליסל.

אין א בריוו, וואָס דער קאָמיטעט האָט ארויסגעשיקט צו פּ. סאָלאָמאָן, ווערט דער לעצטער אויפגעפאָדערט צוריקצוציען דעם אויסדרוק „בלאָדי גנב", וואָס ער האָט געזאָגט אויפן פּרע־זידענט. אָנישט, וועט מען אים אויסשליסן פון קאָנגרעגעישן.

## דאָס קהל'שע לעבן

אויך אין געזעלשאַפטלעכן לעבן זענען פאָרגעקומען כסדר־דיקע רייבונגען און קאָנפליקטן, וואָס האָבן אייניקע מאָל דער־פירט דערצו, אז גאַנצע שול־קאָמיטעטן האָבן זיך אָנגעגעבן אין דימיסיע און סוף־כל־סוף האָט זיך אפילו די קהלה געשפּאָלטן אויף צוויי באַזונדערע טיילן און געהאַט צוויי אייגענע שולן.

אין 1862 איז אויסגעבראָכן א מחלוקת צווישן דעם דע־מאָלטיקן רעוו. אייזיקס (וועלכער איז געווען דער ערשטער באַ־לאַראַטער רב) און דער קאָנגרעגעישן. אין וואָס איז די אומצו־פרידנהייט באַשטאַנען? אַן אָנהענגער פונם רב, יוסף בענ־דזשאַמין, דער דעמאָלטיקער שול־סעקרעטאַר, האָט וועגן דעם געשריבן אין זיין רעזיגנאַציע־בריוו: „רעוו. אייזיקס איז אַן ענגלענדער און דעריבער האָלטן טייל „פרעמדע" ייִדן, אז ער טויג נישט". דער סוף פונם סכסוך איז געווען, אז רעוו. אייזיקס האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דער שטעלע און ער האָט אָנגעקלאָגט די קאָנגרעגעישן, מאָנענדיק 136 פונט. דער פּראָצעס איז שוין געווען באַשטימט אין באַלאַראַטער געריכט, אָבער דער סוף איז

געוועזן, אז ער האָט מסכים געווען צו נעמען בלויז 36 פונט.
אויפן אָרט פון רעוו. אייזיקס איז אראָפּגעקומען דער רב ס. הערמאַן, אָבער קהל איז נישט געווען מיט אים צופרידן, ווייל ער איז געווען אַלט און אומבאַהאָלפן. אין 1868 איז באַשטימט געוואָרן אַלס רב רעוו. גאָלדרייך, וועלכער האָט מיט אַ קליינעם איבערדרייס אויסגעפירט זיינע פליכטן ביז 1905. רעוו. גאָלדרייך האָט באַלד פון ערשטן טאָג אָן געפירט אַ שאַרפן און ביטערן קאַמף קעגן אומאָרדנונגען אין דער קהלה. איבערהויפּט האָט ער אַכטונג געגעבן, אַז דאָס אויפפירן זיך פון די מתפללים ביים דאַוונען זאָל זיין קאָרעקט, און אויף זיין פאָרשלאַג זענען געמאַכט געוואָרן ריגלען אין דער שול־טיר, כדי די מתפללים זאָלן זיך נישט דרייען בשעת קריאת התורה. די כסדר'דיקע געשפּאַנטקייט צווישן קהל און רב האָט גורם געווען, אַז רעוו. גאָלדרייך האָט אין 1874 פאַרלאָזט באַלאַראַט, אָבער מיט אַ יאָר שפּעטער איז ער צוריקגעקומען און ווייטער שאַרף געקעמפט פאַר זיינע פּרינציפּן. אַ כאַראַקטעריסטישער אינצידענט איז פאָרגעקומען אין יאָר 1877, ווען דער שול־קאָמיטעט האָט געפאָדערט, אַז דער רב זאָל זיך אָפּזאָגן פון זיין מנהג אויפצורופן בר־מצוה יינגלעך צום ארון קודש, ווו זיי האָבן געדאַרפט באַלייגן אַ שבועה, אַז זיי וועלן זיין געטריי צו די געבאָטן פון יידישקייט. טייל קאָמיטעט־מיטגלידער האָבן געהאַלטן, אַז אַזאַ שבועה פאַר אַ 13־יעריק יינגל איז נישט אויפן אָרט. דער רב האָט אין אַ שאַרפן בריוו אָפּגעזאָגט דעם קאָמיטעט צו מישן זיך אין גייסטלעכע ענינים, און דער סוף איז געווען, אַז דער קאָמיטעט האָט געמוזט זיך אַנטשולדיקן.

באַלאַראַט האָט נישט בחינם גע'שמ'ט פאַר די אַממייסטן אָרטאָדאָקסישער קהלה אין אויסטראַליע. אין די גאַר פריע יאָרן נאָך האָט באַלאַראַט געהאַט אַ באַזונדערע, ספּעציעלע אויפגעבויטע מקוה און יידישע מענער און פרויען האָבן נישט געדאַרפט, ווי אין אַנדערע קהלות, באַנוצן זיך מיט די אַלגעמיינע שטאָטישע בעדער.

אין באַלאַראַט איז אויך געווען אַ מנהג, אַז יידן, וואָס האָבן חתונה געהאַט מיט קריסטלעכע פרויען פלעגן נאָכן טויט באַ־

גראָבן ווערן נישט צוזאַמען מיט אַלע מיטגלידער פון דער קהלה, נאָר אין אַ זייט ערגעץ, פונקט אַזוי ווי מ'פלעגט אויף יידישע בית־עולם'ס אין אייראָפּע קובר זיין זעלבסטמערדער. דער דאָזיקער מנהג איז נישט אָפּגעהיטן געוואָרן אפילו אין די גרעסערע יידישע קהלות אין אויסטראַליע.

רעוו. גאָלדרייך האָט אויך שאַרף געקעמפט קעגן געמישטע חתונות, וואָס זענען צו יענער צייט געווען אַ זייער אָפטע דערשיינונג. צוליב דעם, וואָס ס'איז געווען אַ קליינע צאָל יידישע פרויען, האָבן יידישע יונגעלייט אָפטמאָל חתונה געהאַט מיט קריסטלעכע מיידלעך, דערביי האָבן זיי אויך נישט שטאַרק מדקדק געווען אויף די יידישע דינים און זיי האָבן אָפטמאָל חתונה געהאַט אין קריסטלעכע קירכעס. אין אַן ענטפער צו אַ בריוו, אין וועלכן מען האָט אָנגעפרעגט, צי אַ ייד, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט אַ קריסטין אין אַ קירכע מעג קומען אין שולאַריין און זאָגן קדיש, האָט דער רב שאַרף געענטפערט: „קאַטעגאָריש ניין! ער מעג אָבער מאַכן אַ הזכרה נאָך זיינע פאַרשטאָרבענע".

עס זענען אויך אין יענער צייט פאָרגעקומען פאַלן, ווען קריסטלעכע פרויען מיט זייערע קינדער, וואָס זיי האָבן געהאַט מיט זייערע יידישע מענער, זענען איבערגעגאַנגען צום יידישן גלויבן, און אויך אויף דעם סמך זענען פאָרגעקומען מחלוקת'ן צווישן אויסטראַלישע רבנים און דעם הויפּט־רב אין לאָנדאָן, וועלכער האָט געהאַט דאָס רעכט צו באַזייטיקן היגע רבנים פון זייערע אַמטן. אויפן סמך פון אייניקע פאַלן קאָנען מיר זיך משער זיין, אַז רעוו. גאָלדרייך האָט געהאַנדלט אין איינקלאַנג מיט די איינשטעלונגען פון לאָנדאָנער הויפּט־רב, וועלכער האָט יאָ דערלויבט אריינצונעמען אַזעלכע פרויען און קינדער אין דער יידישער קהלה.

די רייבונגען אין דער קהלה גופא זענען, ווי מיר קאָנען זיך משער זיין מערסטנטייל פאָרגעקומען צווישן די „יאַהודים" און מזרח־אייראָפּעאישע יידן. עס זענען אָבער אויך געווען מיספאַרשטענדנישן צוליב אַנדערע סיבות, ריין־פּערזענלעכע אָדער אויפן רעליגיעזן באָדן. דעם ערשטן אָנזאָג פון אַ שטורעם אין דער

קהלה געפינען מיר שוין אין 1860, ווען די מערהייט פון די קאָ-
מיטעט-מיטגלידער איז אַרויסגעטראָטן קעגן פרעזידענט טשאַרלז
דייט, וועלכער האָט נאָכן ליקווידירן די הילצערנע שול, געוואָלט
איבערמאַכן אַ שול פון אַ געוויסן הייאַמ׳ס אַ געוועלב. די וואָר-
נונג איז געווען אונטערגעשריבן דורך ל. מינאַווסקי, א. סקאָט,
י. מאָרוויץ און ס. קאָהען אינם פרעזידענט׳ס באַריכט פון 1863
געפינען מיר אַ באַמערקונג: „אונזער קאָנגרעגעישן איז נישט
קיין גליקלעכע משפחה אַזוי ווי ס׳וואָלט געדאַרפט צו זיין". גרע-
סערע אָדער קלענערע קריגערייען פלעגן אויסברעכן יעדעס מאָל,
ווען אַן אָנגעזעענע פרוי איז געשטאָרבן אָדער אַוועקגעפאָרן און
ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאָנקורענץ צווישן די איבעריקע פרויען
צו ירש׳ענען איר פראָנט-אָרט אין דער ווייבער-שול. די בענק
אין דער ווייבער-שול זענען געווען איינגעטיילט אין דריי רייען.
די ערשטע רייע האָט געקאָסט איין שילינג אַ וואָך, די צווייטע
— 6 פענעס און די דריטע — 3 פענעס. פאַרשטייט זיך, אַז
יעדע פרוי האָט געוואָלט האָבן אַ בכבוד׳יק אָרט, און דאָס איז
אָפטמאָל געווען די סיבה פון אַ מחלוקת.

דעם 10טן סעפטעמבער, 1876, האָט דער גאַנצער שול-
קאָמיטעט זיך אָנגעגעבן אין דימיסיע און בלויז דער דעמאָלטי-
קער פרעזידענט שפילפאָגעל און סעקרעטאַר טשאַרלז דייט זע-
נען פאַרבליבן אויף זייערע אמטן. בכלל האָט זיך קעגן דעם דאָ-
זיקן שפילפאָגעל, וועלכער איז אַ חוץ פרעזידענט אויך געווען
בעל-קורא, געשאַפן אַ גרויסע אָפּאָזיציע, וועלכע האָט אים סוף-
כל-סוף אַראָפּגעוואָרפן און אַליין איבערגענומען די קהלה-אָנפי-
רערשאַפט. דעם 12טן אויגוסט, 1877, איז פאָרגעקומען אַ פאַר-
זאַמלונג פון מיטגלידער און ס׳זענען אָנגענומען געוואָרן פאָלגנ-
דע דריי באַשלוסן: 1) די פאַרזאַמלונג דריקט אויס איר אומ-
צופרידנהייט מיטן פרעזידענט שפילפאָגעל; 2) ער טאָר דע-
ריבער נישט זיין קיין בעל-קורא בשעת די נאָענטסטע ימים-
נוראים; 3) אויב אָבער ער וועט אויסנוצן זיין מאַכט און יאָ
לייענען די תורה, וועט קהל נישט מאַכן קיין נדרים און נישט
נאָכזאָגן קיין אמן... דעם נאָענטסטן פסח, 1878, איז שוין די אָפּאָ-
זיציע געקומען אַן אָרגאַניזירטע און האָט מיט אַ מערהייט שטימען
אַראָפּגעוואָרפן שפילפאָגעל מיט זיינע אָנהענגערס. סעם קאָהן

איז געוואָרן פּרעזידענט, וואָלף פּליגעלטויב — קאַסירער, און רזשייקאָב שאָומאַן — סעקרעטאַר. די אמת׳ע סיבה פונם קאַמף צווישן די צוויי לאַגערן איז געווען שפּילפּאָגעל׳ס כאַראַקטער. זייענדיק אַ שטרענג־פרומער און אָפּגעהיטענער ייד, האָט ער געפאָדערט צו באַזייטיקן פון אַלע קהל׳שע אַמטן יעדן איינעם, וואָס האָט נישט געהאַלטן פון כשרות אָדער וואָס האָט געהאַנדלט אום שבת. ער איז געשטאַנען פעסט דערביי, אַז די ברית־מילה זאָל פאָרקומען דעם אַכטן טאָג נאָכן געבורט און נישט דעם נאָענטסטן זונטיק און בכלל איז ער אַרויסגעטראָטן קעגן יעדן פּרוּוו צו מאָדערניזירן דעם יידישן ריטואַל. די פאַרביטערונג קעגן אים איז געווען אַזוי גרויס, אַז מען האָט אויפגעהאַנגען אויף דער שול אַ צווייטן שלאָס, כדי ער זאָל נישט קאָנען קומען פריער און דאַוונען השכמה. עס דאַרף אויך דערמאָנט ווערן, אַז שפּילפּאָגעל איז געווען אַ גאַליציאַנער ייד, איינער פון די, וועל־כע זענען דורך די ענגלישע יידן גערופן געוואָרן „פרעמדע".

צוליב אַ שׂרפה, וואָס איז אויסגעבראָכן אין שול־סעקרע־טאַר׳ס וווינונג זענען די דאָקומענטן פון 1878 ביז מיט 20 יאָר שפּעטער פאַרברענט געוואָרן און ס׳זענען נישט פאַראַן קיין ידיעות וועגן דער טעטיקייט פון דער קהלה. אין 1906 האָט ווי־דעראַמאָל דער גאַנצער קאָמיטעט זיך אָנגעגעבן אין דימיסיע און אין 1908 איז געקומען צום קולימינאַציע־פּונקט פון אַלע ביז איצטיקע רייבונגען — קהל האָט זיך געשפּאָלטן אויף צוויי פראַקציעס. איין פראַקציע איז געבליבן ביי דער אַלטער שול און די צווייטע האָט אינגאַנצן פאַרלאָזט דעם קאָנגרעגעישן און זיך אויפגעבויט אַ נייע שול מיט דעם רב מ. ליוויי אין דער שפּיץ. די דירעקטע סיבה פון דער דאָזיקער סכיזמע איז געווען דאָס, וואָס דער אָנפירער פון אַ גרופּע, הויפּטזעכלעך ניי־אָנגעקומענע, מאַרק ראָזענטאַל, האָט עפנטלעך באַליידיקט דעם רעוו. לענזער. דער לעצטער איז געוואָרן אונטערגעהעצט דורך זיינע אָנהענגער און האָט געפאָדערט ביי ראָזענטאַל׳ן 1000 פונט אַנטשעדיקונג פאַר דער באַליידיקונג. ראָזענטאַל איז געווען געצוווּנגען צו אַנט־שולדיקן זיך עפנטלעך אין די באַלאַראַטער צייטונגען און דאָס האָט דערפירט צו אַ שפּאַלטונג, וואָס האָט געדויערט פיר יאָר. דער באַהאַלטענער אַנטאַגאָניזם צווישן די יאַהודים און נייע

אימיגראַנטן, וואָס איז פון צייט צו צייט אַרויסגעשוואומען אויף דער אויבערפלאַך, איז דאָ ווידעראַמאָל געווען איינע פון די סיבות פון דער מחלוקת, וואָס האָט סוף־כל־סוף דערפירט צו דער, ציטווייליקער, שפּאַלטונג.

## באַלאַראַטער רבנים

דער ערשטער רב פון דער הילצערנער שול, וואָס איז גע־גרינדעט געוואָרן דעם 12טן נאָוועמבער, 1855, איז געווען רעוו. דייוויד אייזיקס, וועלכער איז באַשטימט געוואָרן אויפן דאָזיקן פּאָסטן מיט אַ פּענסיע פון 220 פונט יערלעך. רעוו. אייזיקס איז אויך געווען דער, וואָס האָט אַדורכגעפירט דעם חנוכת־הבית פון דער געמויערטער שול דעם 17טן מערץ, 1861. קורץ נאָכדעם, ווי די נייע שול איז אויפגעשטעלט געוואָרן, האָט קהל געוואָרפן אַן אומ'חן אויף זיין גייסטיקן פירער און זיי האָבן אים געצוווּנ־גען צו רעזיגנירן. רעוו. אייזיקס איז געווען זייער אַ פריינטלע־כער און ליבלעכער מענטש, אָבער זיין פּריוואַט לעבן איז נישט געפעלן געוואָרן טייל פון זיינע קאָנגרעיישן־מיטגלידער. גלייך נאָכדעם, ווי ער איז געצוווּנגען געווען צו רעזיגנירן, האָט ער אָנגעקלאָגט דעם שול־קאָמיטעט אין געריכט און געפאָדערט, מען זאָל אים אויסצאָלן 156 פונט חובות. דער פּראָצעס האָט שוין געזאָלט פאָרקומען אין געריכט, אָבער סוף־כל־סוף האָט רעוו. אייזיקס מסכים געווען צו נעמען בלויז 36 פונט און דער סכסוך איז אַזוי אַרום ליקווידירט געוואָרן.

אין פעברואַר, 1867, איז געקומען צופאָרן זיין ממלא מקום, רעוו. ס. הערמאַן. אָבער אויך מיט אים איז קהל נישט געווען צופרידן, ווייל טראָץ דעם, וואָס ער איז געווען אַ געלערנטער מאַן און פּאַרזיצער פון וויקטאָריאַ בית־דין, איז ער אָבער גע־ווען אַלט און שוואַך, און קהל האָט אים סוף־כל־סוף געצוווּנגען אָפּצוזאָגן זיך פון רבנות. אין 1868 איז ער אַוועקגעפאָרן קיין דזשילאָנג, וווּ ער איז מיט אַ קורצער צייט שפּעטער געשטאָרבן.

אויפן אָרט פון רעוו. הערמאַן איז געקומען דער יונגער, זייער ענערגישער און קאָמפּראָמיסלאָזער רעוו. ישראל מ. גאָלד־רייך, וועלכער איז במשך פון 37 יאָר געווען נישט בלויז דער אָפיציעלער גייסטיקער קהלה־אָנפירער, נאָר ער האָט אויך רע־

גירט מיט אַ שטאַרקער האַנט און ער האָט פּאַרוואַנדלט די באַ־לאַראַטער יידישע געמיינדע אין דער אַממייסטן פּרומער יידי־שער קהלה אין אויסטראַליע. רעוו. גאָלדרייך, אַן אָפּשטאַמער פון גאַליציע, איז אָנגעקומען קיין באַלאַראַט אין יאָר 1868 און ער האָט גלייך איבערגענומען מיט אַ פעסטער האַנט די מאַכט, ברעכנדיק אָן שום קאָמפּראָמיסן יעדן סאָרט אָפּאָזיציע און קעג־נערשאַפט מצד קהל. אין יאָר 1874 האָט ער רעזיגנירט פון אַמט און ער איז אַוועקגעפאָרן איבערצונעמען די רבנות אין מעק־וועירי סטריט קאָנגרעגעישן אין סידנעי. דאָס אַרט זיינס האָט אויף אַ קורצער צייט איבערגענומען דער געקומענער פון בענ־דיגאָ רעוו. אייזיק סטאַון, וועלכער האָט אָבער מיט אַ יאָר שפּע־טער רעזיגנירט, אָנגעבנדיק אַלס סיבה זיין שוואַך געזונט. קורץ פאַר זיין אָפּזאָגן זיך, האָט אים דער שול־קאָמיטעט געמאַכט אַ שאַרפן פאָרוואורף צוליב דעם, וואָס ער האָט מל געווען אַ קינד פון אַ יידישן פאָטער און אַ קריסטלעכער מוטער. מיט אייניקע מאָנאַטן שפּעטער (דעם 23טן יולי, 1875), איז רעוו. גאָלדרייך צוריקגעקומען פון סידנעי און ער האָט ווידער איבערגענומען דעם כסא הרבנות, און ער איז מיט גרויס צופרידנהייט אויפגענומען געוואָרן דורך קהל. רעוו. גאָלדרייך איז געווען נישט בלויז רב, נאָר אויך שוחט, מוהל און לייטער פון דער היברו־שול.

שוין זייענדיק אַ זקן, האָט רעוו. גאָלדרייך צוגעקריגן אַ געהילף־רעווערענד אין דער פּערזאָן פון רעוו. גאָלדשטיין און ס'איז אויך באַשטימט געוואָרן אַ באַזונדערער שוחט, מלמד און קאָלעקטאָר. אין 1902 איז רעוו. בן־ציון לענזער באַשטימט גע־וואָרן אַלס זיין געהילף. רעוו. גאָלדרייך איז געשטאָרבן דעם 30טן מאַי, 1905, נאָכדעם ווי ער האָט במשך פון 37 יאָר אָנגע־פירט מיטן גייסטלעכן לעבן פון דער יידישער געמיינדע.

אין יאָר 1876 האָט אַ סידנעיער גלח, רעוו. ר. ל. קינג, אַ מיטגליד פון אַן ענגלישער מיסיאָנערישער קערפּערשאַפט, אַרויס־געגעבן אין אַ בראָשור אַ געדרוקטע זאַמלונג פון רעדעס, אין וועלכער ער רופט די יידן פון סידנעי צום שמד. רעוו. גאָלדרייך האָט אויף דער דאָזיקער בראָשור שאַרף רעאַגירט אין אַ ספּע־ציעל אָפּגעדרוקטן אָפענעם בריוו צום גלח, און צוליב דעם, וואָס רעוו. קינג איז אים צוריק נישט שולדיק געבליבן קיין ענטפער,

האָט רעוו. גאָלדרייך אָפּגעדרוקט נאָך צוויי בראָשורן וועגן זעלבן ענין. לײַדער, באַזיצן מיר בלויז די צווייטע בראָשור, וואָס טראָגט דעם נאָמען „צווייטער בריוו". אין ענטפער צו רעוו. ר. ל. קינג אויף זיינע באַמיאונגען אָפּצו׳שמד׳ן דאָס סידנעיער יידנטום, געשריבן דורך רעוו. י. מ. גאָלדרייך, רב פון דער מעקערי שול אין סידנעי. די בראָשור איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין מעלבורן אין 1876. רעוו. גאָלדרייך אַטאַקירט אויף אַ שאַרפן אופן די מעטאָדן פון די מיסיאָנערן, וועלכע גיבן אויס גרויסע געלט־סומעס, כדי צו פאַנגען יידישע נשמות. „ס׳איז געוואָרן אויסגערעכנט, אַז דאָס געווינען אַ יידי־שע נשמה פאַרן קריסטנטום, קאָסט־אָפּ אַרום 2000 פונט. די משומדים זענען הויפּטזעכלעך עטלעכע אָרימע פּוילישע יידן, שוואַרצע שאָף אין זייער אייגענער געמיינדע, וועלכע זענען אין מאָראַלישן און רעליגיעזן זין פיל ערגער שפּעטער, אַלס קריסטן. מיר קאָנען בשום אופן נישט באַגרייפן, ווי אַזוי אַ רעלי־גיעזע אינסטיטוציע קאָן זיך באַנוצן מיט אַזעלכע נידעריקע מע־טאָדן, ווי איבערקויפן מענטשן און אַרויסציען זיי פון דער מחנה, אין וועלכער זיי זענען געבוירן געוואָרן און אויפגעצויגן. מיר גלויבן, אַז ס׳איז אוממעגלעך צו מאַכן אַ גוטן קריסט פון אַ שלעכטן ייד, און ס׳קומט דער מיסיאָנערישער געזעלשאַפט זייער אַ קליינער מזל־טוב פאַר די פּאָר באַצאָלטע שמד־אַקטן, וואָס ס׳געלינגט איר יערלעך אַדורכצופירן". רעוו. גאָלדרייך אַטאַקירט אויך שטאַרק די וויזנטלעכע אַרגומענטן פונם גלח און באַווייזט אים שוואַרץ אויף ווייס, אַז ער איז נישט קיין גרויסער מומחה אין הלכות יידישן וויסן. אויך זאָגט זיך רעוו. גאָלדרייך קאַטע־גאָריש אָפּ פון יעדן געדאַנק אַדורכצופירן אַן עפנטלעכן דיספּוט וועגן דער יידישער און קריסטלעכער רעליגיע.

דער גלח האָט אויפן דאָזיקן פּאַמפלעט געענטפערט מיט אַ לענגערן בריוו, וווּ ער איז טאַקע מודה, אַז ער האָט פּערזענלעך נישט געלייענט די יידישע רעליגיעזע ספרים, נאָר אַז ער קען זיי פון איבערזעצונגען. ער טרעט אָבער אַרויס קעגן רעוו. גאָלד־רייכ׳ס פעסטשטעלונגען, אַז אַלע משומדים זענען נישט מער ווי פאַרקויפטע נשמות, און אַז זיי זאָגן זיך אָפּ פון יידנטום בלויז צוליבן לוסט נאָך געלט. עס זענען פאַראַן, זאָגט ער, 20 טויזנט

יידישע מיטגלידער אין די קריסטלעכע קירכעס. צי זענען זיי אַלע געוואָרן אונטערגעקויפט מיט געלט? צי זענען זיי אַלע היפּאָקריטן? איך האָב אַ בעסערע מיינונג וועגן יידישן פאָלק...

דער אַרויסגעבער פון דער בראָשור, אין וועלכער טיילן פון דאָזיקן בריוו זענען אָפּגעדרוקט, זאָגט־צו, אַז רעוו. גאָלדרייך וועט אין אַ ספּעציעלער אויסגאַבע באַהאַנדלען די פראַגע פון „20 טויזנט יידן”, וועלכע איז אָפּגעלייקנט געוואָרן אפילו דורך דער אָפיציעלער ענגלישער פּרעסע. ליידער, באַזיצן מיר נישט די דאָזיקע צוגעזאָגטע בראָשור פון רעוו. גאָלדרייך.

רעוו. בן־ציון לענזער איז באַשטימט געוואָרן אויפן אָרט פונם נפטר און ער איז פאַרבליבן באַלאַראַטער רב ביז 1922, ווען ער האָט רעזיגנירט און ער איז אַוועקגעפאָרן קיין סידנעי, דאָרט איבערצונעמען די פליכטן אַלס רב אין דער ניוטאָון־שול.

אין 1922 איז באַשטימט געוואָרן אַלס רב רעוו. מ. ראָזענטאַל פון אַדעלייד. ער איז געווען אַ זייער געלערנטער און גאָטספאָרכטיקער מאַן. אין יאָר 1926, ווען זיין פרוי איז געשטאָרבן איז ער געווען אַזוי צוזאַמענגעבראָכן פון דעם אומגליק, אַז ער האָט פאַרלאָזן דעם פּאָסטן און ער איז אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע.

דאָס אָרט זיינס האָט אויף אַ קורצער צייט פאַרנומען רעוו. לעאָפּאָלד גאַרעץ, און אין יאָר 1927 איז באַשטימט געוואָרן אַלס רעוו. בצלאל מאַנדעלבוים. אַ געבוירענער אין טוראָוו, רוסלאַנד, פון אַ באַקאַנטער רבנ׳ישער פאַמיליע, איז ער אַ לענגערע צייט געווען רב אין אַ ספרדישער קהלה אין פּאָרט סאַיד.

אין 1903 איז רעוו. מאַנדעלבוים אָנגעקומען קיין אויסטראַליע, ווו ער איז געווען רב אין בראָקען היל, ניו סאַוט וועילס, ווו ס׳איז דורך זיינע באַמיאונגען אויפגעשטעלט געוואָרן אַ שול. שפּעטער איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס געהילף פון ראַביי ד. י. פרידמאַן אין פּערט, און אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען ראַביי פרידמאַן איז אַוועק מיט דער אַרמיי, האָט רעוו. מאַנדעלבוים אויסגעפירט די פליכטן פון רב אין מערב־אויסטראַליע. אין 1926 האָט ער באַשלאָסן צו באַזעצן זיך אין סידנעי, אָבער ער האָט אָנגענומען די ווענדונג פון דער באַלאַראַטער יידישער קהלה, ווו ער האָט איבערגענומען דאָס רבנות

און דאָ איז ער שוין פאַרבליבן ביזן טאָג פון זיין טויט, ביז דעם 17טן אויגוסט, 1941.

רעוו. בצלאל מאַנדעלבוים איז געווען דער לעצטער רב אין באַלאַראַט. אין 1941 האָט שוין די יידישע קהלה געציילט בלויז עטלעכע פאַמיליעס און דער שול־קאָמיטעט האָט באַשלאָסן נישט אַראָפּצוברענגען קיין אַנדערן רב. אין מאָמענט, ווען מיר שרייבן די דאָזיקע שורות, פירט אויס אַלע רעליגיעזע פליכטן אין דער שול און ביי געבורטן, חתונות און לויות, איינער פון די עלטסטע יידישע איינוווינער אין באַלאַראַט נאַטהאַן פ. שפּילפאָגעל, וועגן וועלכן מיר שרייבן באַזונדער.

## יידישער אַנטייל אין אַלגעמיינעם לעבן

פיל באַלאַראַטער יידן האָבן געשפּילט אַ זייער וויכטיקע ראָלע אינם אַלגעמיינעם פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן פון דער שטאָט.

דער פיל מאָל דערמאָנטער טשאַרלז דייט, דער גרינדער פון דער יידישער קהלה, האָט גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל בשעת די שטורמישע טעג פון עאורעקאַ אויפשטאַנד. אין יאָר 1861 איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס לאָרד־מעיאָר פון מזרח־באַלאַראַט (די שטאָט האָט זיך דעמאָלט געטיילט אין צוויי באַזונדערע טיילן, מזרח און מערב) און פון יאָר 1864 ביז 1871 איז טשאַרלז דייט געווען אַ מיטגליד פון פּאַרלאַמענט, פון לעגיסלאַטיוו אַסעמבלי.

אַ צווייטער פּראָמינענטער יידישער בירגער איז געווען ע. גלענסגילד, שטאָט־פּרעזידענט פון מזרח־באַלאַראַט אין די יאָרן 1866-69 און מיטגליד פון לעגיסלאַטיוון קאַונסל.

הענרי דזשאָזעף איז געווען שטאָט־פּרעזידענט פון באַלאַראַט אין די יאָרן 1873-4.

אייבי לעווי — שטאָט־פּרעזידענט אין 1908 און 1916.

לאַזאַרוס לעדערמאַן — פּרעזידענט פון דער שטאָט באַלאַראַט אין 1934.

אייניקע יידן האָבן אויך געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין די מאַסאָנישע געזעלשאַפטן. די ווייטער אויסגערעכנטע יידן זענען געווען מאַסטערס פון מאַסאָנישע לאָזשעס: ב. בלושטיין, ס.

מארקס, צ. פלאַהם, ל. פיליפס, י. מ. גאָלדריך.

אַ גרויסע ראָלע האָבן יידישע בירגער געשפּילט אין פאַרשידענע אַלגעמיינע וווילטעטיקע אינסטיטוציעס. די ווייטער אויסגערעכנטע יידן זענען געווען פאַרזיצערס פון פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפטן: דזש. פיליפּס, א. ליוויי, ס. מארקס, ה. דזשאָזעף.

אַ באַזונדער אָרט אין דער געשיכטע פון באַלאַראַט פאַרנעמט נאַטהאַן פ. שפּילפאָגעל, דער זון פון נחמן פרידל שפּילפאָגעל, וועלכער איז געקומען קיין באַלאַראַט נאָך אין יאָר 1855. נאַטהאַן שפּילפאָגעל איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1874 און ער איז ביים היינטיקן טאָג איינער פון די וויניק־געבליבענע יידן פון יענע צייטן. אַ חוץ דעם, וואָס ער האָט פאַרנומען וויכטיקע קהלה׳שע אַמטן, איז ער אויך געווען במשך פון אַ לענגערער צייט שול־לייטער פון די גרעסטע וויקטאָריער מלוכה־שולן. אין די סאַמע פּיאָנערישע יאָרן פון וויקטאָריער אויפשטייענדיקע קיבוצים איז ער אַלס לערער אַרומגעפאָרן אין די פאַרוואָרפנסטע ווינקלען, טיף אין בוש, און ער האָט דערצויגן עטלעכע דורות קינדער פון אויסטראַלישע פּיאָנערן. נאַטהאַן פ. שפּילפאָגעל האָט אויך פאַרדינסטן פאַר דער אויסטראַלישער ליטעראַטור. אויסער אומצאָליקע לידער און דערציילונגען, צעוואָרפענע איבער אַן אַ שיעור צייטשריפטן און זשורנאַלן, האָט ער אויך פאַרעפנטלעכט אייניקע ביכער, וואָס זענען הויפּטזעכלעך פאַרבונדן מיט דער געשיכטע און טראַדיציע פון אויסטראַליע.

פיל פון זיינע לידער ווערן געלערנט אין די היגע שולן און אייניקע פון זיינע ביכער האָבן דאָ דערגרייכט זייער הויכע טיראַזשן און די היגע קריטיק האָט זיך וועגן זיי אָפּגערופן מיט גרויס אַנערקענונג.

די בעלעטריסטישע שאַפונגען פון נ. שפּילפאָגעל צייכנען זיך אויס מיט ספּעציפישן אויסטראַלישן קאָלאָריט און מיט פּלאַסטישער פאַרביקייט און ער פאַרנעמט אַ וויכטיקן אָרט אין דער היגער ענגלישער ליטעראַטור. טראָץ דעם, וואָס ער איז דאָ געבוירן געוואָרן מיט אַ קנאַפּער דריי־פערטל יאָרהונדערט צוריק, איז ער אָבער אַ באַוווסטזיניקער און שטאָלצער ייד און אין זיינע שאַפונגען שרייבט ער זייער אָפט אויף יידישע טעמעס.

נאַטהאַן שפּילפּאָגעל איז געווען פּאַרזיצער פון באַלאַראַטער מעכאַנישן אינסטיטוט און ער איז עד היום פּרעזידענט פון דער היסטאָרישער געזעלשאַפט, פאַר וועלכער ער האָט פיל פאַר־דינסטן. אין באַלאַראַטער מוזעאום, וואָס געפינט זיך אונטער זיין השגחה, איז איינגעמויערט אַ טאָוול מיט פאָלגנדן אויפשריפט: „דער דאָזיקער טאָוול איז אַן אויסדרוק פון אנערקענונג פאַר נאַטהאַן פ. שפּילפּאָגעל, פאַר זיינע ווערטפולע געשיכטלעכע דאָ־קומענטן, וועלכע ער האָט צוזאַמענגענומען און געשאָנקען די בירגער פון באַלאַראַט".

באַווייזן פון יידישן אָנטייל אין אַלגעמיינעם לעבן פון דער שטאָט קאָן מען געפינען אין נעמען פון באַלאַראַטער גאַסן. אַזוי איז פאַראַן אַ שטיינפעלד־גאַס, ליווי באַן־סטאַציע, דייט׳ס פּע־רעיד און דייט׳ס טעראַס.



מר. נאַטאַן שפּילפּאָגעל.

אַ חוץ נאַטהאַן פ. שפּילפּאָגעל, וועלכער האָט זיך קונה שם געווען אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור און היסטאָרישע גע־זעלשאַפטן און זיין נאָמען געפינט זיך אין אַלע אויסטראַלישע ענציקלאָפּעדיעס, האָט אויך באַלאַראַט אַרויסגעגעבן נאָך צוויי באַקאַנטע פּערזענלעכקייטן, אייזיק קאָהען, אַ טאַלאַנטפולער

מאַלער, און פּרעד שפּילפּאַגעל — געווען פּרעזידענט פון פּאָלי־טיקל ליבאַר קאָונסל און טריידס־האָל.

## דער אויפשטייג און אונטערגאַנג

דער וווקס פון דער יידישער קהלה אין באַלאַראַט איז נישט גאַנגען לויט קיין אײנהייטלעכער ליניע. ס'זענען געווען צייטן, ווען די צאָל יידן אין באַלאַראַט איז געשטיגן, און אַ צווייט מאָל איז די צאָל ווידער געוואָרן קלענער. אין 1853 זענען אין באַלאַ־ראַט געווען בלויז 20 יידן. די אַלגעמיינע פאָלקס־ציילונג אין 1859 רעדט וועגן 347 יידן. מיט אַ צוויי־דריי יאָר שפּעטער רעדט דער מחבר פון „אבן ספיר" וועגן 300 יידן אין באַלאַראַט. אין 1870 האָט די שול געציילט 60 פולע מיטגלידער און 18 צו־געריייזטע פון דער אומגעגנט, וואָס האָבן געצאָלט איין גינע פאַר די ימים־נוראים. אין 1873 זענען אין די קהלה־ליסטעס פאַר־צייכנט 45 פולע מיטגלידער, 15 צייטווייליקע און 30 צוגע־רייזטע פון פּראָווינץ.

דעם 31טן אָקטאָבער, 1873, איז געשאַפן געוואָרן אַ ספּע־ציעלער קלאַס פאַר פרויען צו לערנען העברעאיש און אין 1877 איז געעפנט געוואָרן אַ טעגלעכע היברו שול, אין וועלכער ס'האָבן געלערנט 58 יידישע קינדער. די למודים זענען פאָרגעקומען 4—5 שעה אין וואָכן־טאָג און 3 שעה יעדן זונטיק. לײדער, זענען נישט פאַרבליבן קיין דאָקומענטן וועגן די למודים אין דער דאָזיקער שול. אין דער זעלבער צייט האָט מען שוין אין באַלאַראַט געבאַקן אייגענע מצות (פריער האָט מען זיי געבראַכט פון מעלבורן).

מיט 20 יאָר שפּעטער, אין 1893, זענען פאַראַן 36 פולע שול־מיטגלידער, וואָס האָבן צו צוויי שטימען ביי די וואַלן, און 28 האַלבע מיטגלידער, מיט איין שטימע. אין דער דאָזיקער צייט האָבן קיין באַלאַראַט אָנגעהויבן קומען רוסישע יידן מיט אַ קליי־נעם קאַפּיטאַל, און היות זיי האָבן זיך נישט געקאָנט דערלויבן צו צאָלן דעם גאַנצן אָפּצאָל פאַר דער שול, זענען זיי דעריבער געווען האַלבע מיטגלידער, פאַר 1 שילינג אַ וואָך. די דאָזיקע יידן זענען נישט זייער גערן אויפגענומען געוואָרן דורך די פרי־ערדיקע תושבים, וועלכע האָבן זיך וועגן די פריש־אָנגעקומענע

נישט אויסגעדריקט אַנדערש, ווי „פֿאַרעינערס". פֿון 1896 ביז 1902 זענען געווען 36 מיטגלידער און 34 האַלבע מיטגלידער.

אין 1903 האָט די שול געציילט 19 מיטגלידער און 36 צייטווייליקע, און זינט 1914 האָט די צאָל אָנגעהויבן וואָס־אַמאָל קלענער צו ווערן. די סיבה פֿון דער צופֿאַלונג פֿון דער באַלאַראַטער קהלה איז קודם־כּל געווען דאָס, וואָס די יידישע יוגנט איז זיך צעפֿאָרן אין אַנדערע ערטער, הויפּטזעכלעך קיין מעלבורן. געוויסע פֿאַמיליעס זענען געשטאָרבן קינדערלאָז און ס'זענען אויך געווען פֿאַלן פֿון שמד. אין 1941, ווען ס'איז געשטאָרבן דער רב מאַנדעלבוים, האָט דער קאָמיטעט באַשלאָסן נישט אַראָפּצוברענגען מער קיין נייעם רב. די שול, וואָס איז אַמאָל געווען ראָס אָרט, ווו דאָס קאָכעדיקע יידישע לעבן האָט אַזוי הייס פּולסירט, איז היינט כּמעט ליידיק. דער שיינער האָל און די באַלקאָנען, וואָס זענען אַמאָל געווען אויסגעפּילט מיט יידישע מענער אין הויכע צילינדערס און די פֿרויען זייערע אין זיידענע קרינאָלינעס, זענען איצט ליידיק. דורך די קנאַפּע 100 יאָר פֿון איר עקזיסטענץ, האָבן די יידישע פּיאָנערן אין באַלאַראַט אויפֿגעבויט צוויי שולן, געהאַט אַ טעגלעכע יידישע קינדער־שול, אַן איינגענעם כאָר, אַ העברעאישן קלאַס פֿאַר פֿרויען און אויך אַ וויכטיקע אינסטיטוציע, אַ גמילת חסדים־קאַסע, וואָס האָט אַרויסגעהאָלפֿן נצרכים. די דאָזיקע יידישע פֿילאַנטראָפּישע אינסטיטוציע איז געשאַפֿן געוואָרן אין יאָר 1856 דורך סיימאָן האַמבורגער און האָט אין אָנהויב געציילט 38 מיטגלידער. דער ערשטער פּרעזידענט פֿון דער אינסטיטוציע איז געווען האַמבורגער, און סעקרעטאַר — רעוו. אייזיקס. די אינסטיטוציע האָט זיך פֿאַרנומען מיט אַרויסהעלפֿן יידישע נויטבאַדערפֿטיקע, און, דער עיקר, האָט זי אַנטוויקלט איר טעטיקייט אין די צייטן פֿון פֿאַרפֿלייצונגען, וועלכע האָבן כּמעט יעדעס יאָר געטראָפֿן אין באַלאַראַט און האָבן פֿאַראורזאַכט גרויסע היזקות פֿון יידיש פֿאַרמעגן. די פֿילאַנטראָפּישע אינסטיטוציע האָט אויך באַזאָרגט די אָרימע מיט בחינמ'דיקע מצות אויף פּסח. ליידער, האָבן זיך אויך דאָ אַהער איבערגעטראָגן די מחלוקת'ן פֿון דער קהלה און האָבן פֿאַראורזאַכט אַ סך בייז בלוט.

אין איינעם פון די פריעסטע פראטאקאלן פון דער יידישער־פילאנטראפישער געזעלשאפט לייענען מיר, אז אויף פסח האט די געזעלשאפט אוועקגעשיקט מצות צו די יידישע ארעסטאנטן אין דער ארטיקער תפיסה.

צוזאמען מיט דער כסדר'דיקער פארקלענערונג פון דער באַפעלקערונג זענען די אלע אינסטיטוציעס אונטערגעגאנגען. א שטיק יידיש לעבן, וואס האט געקלאפט אין דער דאזיקער אויסטראלישער שטאט, וועלכע יידן האבן אזוי אקטיוו געהאלפן מיטבויען, איז איצט כמעט אינגאנצן פארשוואונדן.



# נאָכוואָרט

וואָס זענען געווען די הויפּט־שטריכן פון יידישן לעבן אין באַלאַראַט? אין דער גאַנצער כמעט 100־יעריקער געשיכטע פון איר עקזיסטענץ האָבן מיר נישט געהערט וועגן דער אַנט־שטייאונג פון אַ דויערנדיקער יידישער קולטור־אינסטיטוציע, ביבליאָטעק אָדער דערציאונגס־אַנשטאַלט. מיר קאָנען זיך אויך משער זיין, אַז די יידישע טעגלעכע שול האָט זיך באַגרעניצט בלויז צו אַ קליינער טייל רעליגיעזע למודים, און די רעשט — צו ענגלישע וועלטלעכע קעגנשטאַנדן. דאָס איינציקע, וואָס האָט צעמענטירט דאָס יידישע לעבן זענען געווען די רעליגיעזע באַ־דערפנישן פון קהל און די נויטווענדיקייט פון קעגנזייטיקער הילף. דאָס יידישע לעבן האָט זיך אַנטוויקלט אין דער ברייט, אָבער נישט אין דער טיף. די הויפּט־סיבה דערפון איז, נאַטירלעך, געווען די גאָר־קליינע צאָל יידן אין דער פאַרהעלטניסמעסיק גרויסער שטאָט. אָבער אין אַ גרויסער מאָס האָט דאָ אויך גע־ווירקט קודם־כל די קאַטעגאָריע פונם פריעסטן פּיאָנער, וואָס איז געווען אַ נישט־געזעצטער, אוואַנטורע־געניגטער טיפּ מיט מער עולם־הזה'דיקע, ווי אינטעלעקטועלע באַדערפנישן.

אויך האָבן אין אַ גרויסער מאָס געווירקט דער צוזאַמענ־געמיש פון די יידן פון די פאַרשידענסטע אָפּשטאַמונגען און דעם גרויסן איינפלוס, וואָס די יאַהודישע יידן האָבן געהאַט אויפן קיבוץ. אַ גרויסן איינפלוס אויף דער צוריק־געשטאַנענקייט — אין יידיש־קולטורעלן זין — פון באַלאַראַ־טער ישוב איז אויך געווען די אָפּגעזונדערטקייט פון דער ווייַ־טער וועלט, ווו דאָס יידישע פאָלק איז אין דער זעלבער צייט אַדורכגעגאַנגען אַזעלכע גרויסע געשיכטלעכע פּראָצעסן. דעם איינציקן קאָנטאַקט, וואָס דער יידישער ישוב האָט געהאַט מיט דער אויסערלעכער וועלט, מיט יידישע קיבוצים אין אייראָפּע,

איז געווען אַן אויסשליסלעך ריין־רעליגיעזער אָפיציעלער קאָנ־טאַקט מיטן ענגלישן רב הכולל, אַ קאָנטאַקט, וואָס האָט זיך בלויז באַגרעניצט צו פּסק'ענען שאלות.

די געשיכטע פון דער יידישער קהלה אין באַלאַראַט איז אייגנטלעך נישט מער ווי די געשיכטע פון אַ „שול־קאָנגרע־געישן". די וויכטיקסטע דאַטעס פון דער דאָזיקער געשיכטע זענען פאָלגנדע:

1853 — ערשטער מנין געהאַלטן אום יום־כפור אין קלאַ־רענדאַן האָטעל.

1855 — חנוכת הבית פון אַ הילצערנער שול אויף דער לידאַרד גאַס, דאָרט ווו ס'שטייט איצט דער לערער־אינסטיטוט.

1861 — חנוכת הבית פון דער געמויערטער שול, וואָס עקזיסטירט נאָך עד היום.

1867 — דאָס יאָר, אין וועלכן די שול איז אויפגעפרישט און פאַרגרעסערט געוואָרן.

1881 — אין דעם יאָר איז די שול ווידעראַמאָל אויפגע־פרישט געוואָרן און עס זענען צוגעגעבן געוואָרן זייט־גאַלעריעס און ס'איז אויך צוגעבויט געוואָרן אַ פּאָליש.

אין 1903 — איז די שול אויפגעפרישט געוואָרן און ס'איז צוגעבויט געוואָרן אַ פּריוואַטע רעזידענץ פאַרן רב.

1908-1912 — במשך פון די דאָזיקע פיר יאָר איז די קהלה געווען געטיילט אויף צוויי צדדים מיט צוויי באַזונדערע שולן.

1913 — די שול איז ווידעראַמאָל געוואָרן אויפגעפרישט און ס'איז אַריינגעצויגן געוואָרן עלעקטרישע באַלייכטונג.

די וויכטיקסטע און אויך דראַמאַטישסטע דאַטעס פון באַ־לאַראַטער יידישן קיבוץ איז געווען דער טאָג פון 17טן אויגוסט, 1941, ווען דער לעצטער רב, רעוו. בצלאל מאַנדעלבוים איז גע־שטאָרבן און דער קליינער איינגעשרומפּענער שול־קאָמיטעט האָט נישט געזען קיין שום נויטווענדיקייט אַראָפּצוברענגען אַ

גייסטלעכן פֿאַרשטייער פֿאַרן וואָס־אַמאָל קלענערן ייִדישן ישוב. פֿון דאָזיקן טאָג אָן איז באַלאַראַט, צום ערשטן מאָל זינט 1853, געבליבן אָן אַ רב און ס׳זענען נישט פֿאַראַן קיין שום אויסזיכטן אָדער אָביעקטיווע באַדינגונגען, אַז דער דאָזיקער צושטאַנד זאָל זיך ענדערן. די איבערגעבליבענע ייִדישע תושבים אין באַלאַראַט, סך־הכּל אָן אַכט פֿאַמיליעס, וואָס פֿאַרנעמען זיך הויפּטזעכלעך, מיט אַ צוויי אויסנאַמען, מיט מסחר, באַשטייען הויפּטזעכלעך פֿון זקנים אָדער ייִנגערע, וועלכע טראַכטן וועגן אַוועקפֿאָרן פֿון דאָרטן. קיין שבת׳דיקער מנין קומט שוין נישט פֿאָר, בלויז אום ימים נוראים דאַוונט מען מיט אַ מנין. דאָס לעצטע מאָל, ווען די אַמאָל רוישיקע באַלאַראַטער שול איז ווידעראַמאָל געווען געפּאַקט מיט ייִדן, איז געווען פּורים 1942, ווען 200 ייִדישע אַמעריקאַנער סאָלדאַטן פֿון באַלאַראַטער מיליטערישן קעמפּ זענען געקומען אין שול אַריין הערן די מגילה. דאָס איז געווען דאָס לעצטע מאָל, ווען די באַלאַראַטער שול האָט ווידער געזען אַזאַ צאָל ייִדן.

